דער

# זאהן פון אבעזרעטניק

## איינע שיינע ערצאהלונג

נאוועללע

פון

מרדכי יודעלסאהן.



## ווילנא

שנת תרע"ג לפ"ק

---

Сынъ бездѣтника.

Разсказъ М. Я. Юдельсона.

Съ Виленскаго изданія 1909 года.

ВИЛЬНА.

Типографія Розенкранца и Шрифтзетцера.
Лидскій пер., домъ № 2598-13.
1913

# דיא עלענדע יתומה.

אין לייפציג אין איינע זייטיגע געסעל, שטייט איין נידעריגע הייזעל. כיטע סיין לעזער לאמיר דארטין אריינגיין. אויף א שטוהל זיצט איין עלטערע פרוי מיט איינגעפאלענע באקען, אויף איהר רעכטען מיטין קטערען האט זיא א גרויסע בראדזעפקע, בעוואקסין מיט גראע האר, איהר גרויסער רויטער נאז איז אנגעשטאפט מיט טאבאק, אז עס זעהט אויס וויא דער נאז וואלט זיין ארום געלאסעוועט מיט שווארצע בענדלעך. דיא פרויא האט יעצט איר מויל געעפענט צוא שרייען, אונד 2 רייהען פערפוילטע, אויס־געבראכענע געלבע ציינער האט זיך געוויזען, זיא האט זיך געהויבין פון איהר שטוהל אלע ווייל׳ע, אונ דיא בראדזעפקע מיט דיא גראע האר האט געטאנצט, אונ עס האט אויסגעוויזען וויא א קליינער אפפעלע (אבוזיאנקע).

„דוא טויגעניכטס!“ האט דיא אלטע פרויא געשריען צו איין מעדכען פון 15 יאהר, „דוא שטיק מיסט“ וואס האסטו אבגעטאן דעם גאנצען טאג! ניב איהר גאר צופרעסען, דיא שטיק נאר ניכט, אט וועל איך דיר באלד געבען, וועסטו וויסען צו פאלגען! האט דיא אלטע מכשפה געשריען, אונ זיא איז צוגעלאפען צו די ארמע מעדכען מיט גרויס צארין, אונ זיא האט איהר דערלאנגט מיט איהר פויסט אין באק אז בלוט האט זיך געגעבען געגאסען פון איהר.

„ערבארעמט זיך מוטינקע!“ האט דאס ארמע קינד געשריען, וואס האט איהר צוא מיר, איך טוא דאכט זיך אלעס וואס איהר הייסט מיר, אונ פאר דיא שטיקעל ברויט וואס איהר גיט מיר איינמאל א טאג ארבייט איך דאך שווער גענוג.

„אַזוי ?" האָט דיא אַלְטֶע זִיךְ צוּשְׁרִיעֶן אוֹיף'ן קְוִויץ, דוּא האָסְט שׁוֹין גֶעקְרָאנְגֶען אַ גְרוֹיסֶע מוֹיל אוֹיף ? — דָאס האָט דִיר נָאךְ גֶעפֶעלְט ? שׁוֹין זָאלְסְט דוּא גֵיין פוּן מַיין שְׁטוּב, וָואס בִּיסְטוּ מִיט מִיר ? אַ וִוילְד פְרֶעמְדֶע ! בַּיי דִי וָוערְטֶער האָט זִיא אִיהְר אָנְגֶענוּמֶען פָאר אִיהְרֶע שֵׁיינֶע לַאנְגֶע האָר, אוּנ האָט אִיהְר דוּרְךְ גֶעשְׁלֶעפְּט דוּרְךְ'ן מִיר, אוּנ האָט אִיר אַ גוּטֶען שְׁלַיידֶער גֶעטָאן, דָאס דִי אַרְמֶע קִינְד אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף'ן בְּרוּק, אוּנ האָט זִיךְ שְׁטַארְק צוּשְׁלָאגֶען, דִיא אַלְטֶע האָט דִיא שְׁטוּבּ פוּן אִינֶעווַיינִיג פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנ אִיז זִיךְ גַאנְץ רוּהִיג צוּרִיק אַרַיין.

דָאס וַואר אִין מִיטֶען ווינְטֶער, אַיין לִינְדֶער פְרֶעסְטִיל אִיז דַאמָאלְס גֶעוֶועזֶען, עֶס וַואר שׁוֹין שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, דִיא לְבָנָה מִיט דִיא שְׁטֶערִין האָבֶּען זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען אִין וָואלְקֶען, דֶען וִויא עֶס וַוייזְט אוֹיס האָבֶּען זַייא נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהֶען דֶעם יָאמֶער פוּן דִי אַרְמֶע מֶעדְכֶען, וֶועלְכֶע אִיז גֶעלֶעגֶען הַאלְבּ נַאקֶעט אוּנ פֶערְפְרָארִין, הוּנְגֶערִיג אוּנ צוּשְׁלָאגִין אוֹיף דֶעם קַאלְטִין שְׁנֵייא, אַיינִיגֶע מִינוּטֶען אִיז זִיא אַזוי גֶעלֶעגֶען, נָאכְדֶעם האָט זִיא זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין, אָבֶּער אִיהְרֶע פִּיס האָבִּין אִיהְר נִיט גֶעוָואלְט דִינֶען צוּ גֵיין, זִיא אִיז צוּרִיק אַנִידֶער גֶעפַאלִין. זִיא האָט גֶעהֶערְט שְׁרִיט נִיט וַוייט פוּן אִיהְר, זִיא האָט גֶעהֶערְט וִויא אַיינֶער האָט גֶעזָאגְט : „אַדְיֶע אַדָאלְף" .

צוּם וִוידֶערזֶעהֶן מָארִיטְץ ! האָט דֶער אַנְדֶערֶער גֶעאַנְטְוָוארְט.

זִיא האָט גֶעוָואלְט אָנְהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייעֶן, אָבֶּער זִיא האָט נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיסבְּרֵיינְגֶען קַיין וָוארְט פוּן מוֹיל, דִי שְׁרִיטֶע אִיז נִיקוֹסְטֶע נַאנְץ נָאהֶענְט, אֵיינְהָאר אִיז אַיין יוּנְגֶער מַאן אִיבֶּער אִיהְר אַרִיבֶּער גֶעפַאלֶען, עֶר האָט אַיין שְׁוֶועבֶּעלֶע אָנְגֶערִיבִּין, אוּנ האָט דֶערזֶעהְן וִויא אַ יוּנְגֶעס מֶעדְכֶען לִיגְט דִיא אוֹיגֶען צוּגֶעמַאכְט, אַ הַאלְבּ נַאקֶעטֶע, אוּנ אַיין פֶערְפְרָארֶענֶע, עֶר האָט אִיהְר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנ האָט אִיהְר אִין זַיין מַאנְטִיל אַיינְגֶעהִילֶעט, עֶר האָט אִיהְר גוּט דוּרְכְגֶעוָוארֶעמְט, עֶר האָט זִיךְ אִין אַיין קְווֶער גֶעסְעל אַריינְגֶעקֶערְט

ער (געמרעטגים)

עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּא צַיין הוֹיז אוּנ הָאט אַ שְׁלִיסֶעל פוּן זַיין טַאשׁ אַרוֹיסגֶענוּמֶען, אוּנ הָאט אַ טִיר לוֹיז גֶעשְׁלָאסֶען, אוּנ הָאט דָאס מֶעדְכֶען אַזוֹעס גֶעלֵייגְט אוֹיף אַ בֶּעטִיל, עֶר הָאט אַ לִיכְט אָנְגִיצוּנְדִין עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן וִויא דָאס מֶעדְכֶען הָאט דִיא אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט, זִיא הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנ הָאט דֶעם הֶערְץ אִיהְרֶע צַארְטֶע הַאנְד גֶעדְרִיקְט, אוּנ זִיא הָאט גֶעזָאגְט:

אִיךְ דַאנְקֶע אַייךְ בֶּעסְטֶער הֶערר, אִיר הָאט מִיר גֶערֶעטֶעט, וֶוען נִיט אִיהְר, וָואלְט אִיךְ גֶעווִיס פוּן קֶעלְט אוּנ פוּן הוּנְגֶער גֶעשְׁטָארְבִּין. זִיא הָאט אִיהְם דֶערְצֵיילְט דָאס זִיא אִיז אַיין יְתוֹמָה, אוּנ דָאס אַיין אַלְטֶע פְרוֹי מִיט דֶעם נָאמֶען „שָׁאסֶע רוֹיטְנָאז" וֶועלְכֶע הָאט גֶעוואוֹינְט מִיט אִיהְר מוּטֶער צוּזַאמֶען, הָאט אִיהְר נָאךְ אִיהְר מוּטֶערְס טוֹיט צוּגֶענוּמֶען צוּא זִיךְ, 2 יָאהְר הָאט זִיא בַּייא אִיהְר גֶעלִיטֶען פִיל צָרוֹת, אוּנ הַייטֶע הָאט זִיא אִיהְר גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ אַרוֹיס גֶעווָארְפֶען אִין מִיטֶען נַאכְט, וואוּ אִיהְר הָאט מִיר גֶעפוּנֶען לִיגֶענְדִיג.

דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט זַייעֶר מִיטְלֵייד גֶעהַאט מִיט דָאס שֵׁיינֶע מֶעדְכֶען, עֶר הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען צוּא עֶסִין אוּנ צוּ טְרִינְקֶען. — עֶר הָאט אִיהְר דֶערְצֵיילְט דָאס עֶר אִיז אַיין סְטוּדֶענְט, אוּנ עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט זַיין קַאמֶערַאד אוֹיף זַיין קְוַואטִיר, אוּנ עֶר הָאט אִיר גֶעטְרָאפֶען לִיגֶענְדִיג אוֹיף דֶער עֶרְד הַאלְבּ טוֹיט. זִיא הָאט דָאס בֶּעט אוֹיפְגֶעטַאכְט אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפִין ....

דָאס מֶעדְכֶען מִיט דֶעם נָאמֶען „קְלַארַא" וַואר אִין נַאטוּר אַיין זַייעֶר קֵיישֶׁעס אוּנ אָרְדֶענְטְלִיכֶעס קִינְד, זִיא הָאט פוּן קַיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט גֶעוואוּסְט .... אוֹיס דַאנְקְבַּארְקַייט צוּא דֶעם יוּנְגֶען פְרֶעמְדֶען מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶער הָאט אִיהְר דֶעם לֶעבֶּען גֶערֶעטֶעט, הָאט זִיא אַלֶעס ווִילִיג גֶעטָאן זַיין פֶערְלַאנְגֶען ....

אוֹיף מָארְגֶען וֶוען זַיי זַיינֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאט עֶר אִיהְר גֶעגֶעבֶּען 20 מַארְק, אוּנ הָאט אִיהְר גֶעהֵייסֶען גֵיין ....

דיא [illegible]יע קלארא איז אוועק געגאנגען, אונ איז אנגעקומע אויף א שטעלע. אין 3 מאנאהיים ארום האט זיא זיך געפיהלט דאס זיא איז שוואנגער ···· 7 מאנאהייט איז זיא אויף דיא שטעלע אב געוועזען, דיא ווירטהין האט דערזעהן אז זיא איז טראגענדיג, האט זיא איהר בעצאהלט אונ געהייסען גיין. — זיא איז אנגעקומען אין ארמענהויז וואו עס האלטען זיך אויף זאלכע אונגליקליכע פרויען, ביז זייא האבען דיא קינדער. — 2 מאנאהייט איז פערגאנגען, אונ דיא יונגע 16 יעהריגע קלארא איז מיטער געווארען, זיא האט איין זאהן געבארען. דיא יודישע געמיינדע אין לייפציג האבען געמאכט איין ברית, אונ זיא האט דעם קינד א נאמען געגעבען „גרשון“. — ענדע 6 וואכען האט זיא געמוזט דאס הויז פערלאזען, זיא איז אנגעקומען פאר איין אמע אין איין רייכעם הויז, אנדערטהאלבין יאהר איז זיא דארטין געוועזען אלס אמע, נאכהער איז זיא אין הויז פערבליבען אלס דינסט, זיא האט איהר זאהן גרשון ערצויגען, אונ זייא וואַרען זעהר בעליבט ביי זייער ווירט. — 5 יאהר איז זיא דארטין אבגעוועזען, דאס קינד האט זיא אבגעגעבען אין איינע ארמענשולע צו לערנען, אונ זיא איז נאך בערלין אבגערייזט צו זוכען איהרע פערוואנדטע אונ פריינדע.

## 2.

## דיא גליקסזאהנע האט אויף געשיינט.

קלארא בלעכמאן איז אבגערייזט נאך בערלין, זיא האט ערפאהרין דאס איין רייכע פירמא „ראבערט בלעכמאן“ זיינען איהרע פערוואנדטע, זיא איז דארט אנגעקומען, זייא האבין דיא עלענדע קלארא פריינדליך צוגענומען, זיא איז דארט איין מאנאהייט געוועזין, אונ וואר זייער בעליבט ביי זייא, זייא האבין איהר געשעצט אונ געאכט, אונ האבין געזוכט פאר איהר איין פיינעם שידוך אונ האבין

אויך

אויך גֶעפונֶען, איין יונגער יורִיסט װעלכער האט ערשט גֶעעֶנדיגט דעם אוּניװערזיטעט, ער האט איינמאל דערזעהן די שיינע קלארא ביי דעם הערין בלעכמאן איז ער איבעראשט געװארען פון איהר שיינהייט, אויך זיא איז איהם ניט גלייכגילטיג געבליבען, ער איז דארט געװארען איין אייגענער, אונ מיט יעדען טאג זיינען זיי מעהר צוזאמען געװארען, אין 4 װאכען ארום האט דער יוריסט אדאלף גליקסאן געבעטען ביי ראבערט בלעכמאן, ער זאל איהם געבען זיינע קוזינע קלארא פאר א פרוי, ער האט איהם אויך ערצעהלט דאס זיי ליבען זיך זייער, אונ דאס קלארא האט איהם פערשפראכען צו הייראטהען װען איהר אנקעל װעט ערלויבען.

ראבערט בלעכמאן האט אויס געהערט זיין געשפרעך, אונ האט איהם געזאגט, זייא געפעלען מיר זייער גוט, איך קאן אייערע עלטערען פאר ערענטליכע מענשען, אלזא זייט װיסען דאס איך האב ליעב קלאראן װיא מיינע איינענע טאכטער, איך גיב איהר 20000 מארק גדן אונ א פיינעם אויסשטייער, אונ איך האף דאס קלארא װירד אייך זיין טרייא, אונ זיי װערדען איהר געװיס טריי בלייבען ביז דיא לעצטע שטונדע?

יא מיין הערר! האט אדאלף פייערינ געזאגט, איך שװער ביי אלער הייליגסטע איהר עװיג טרייא צו בלייבען, אונ מיט איהר צו טהיילין פריידען אונ ליידען.

אין 4 װאכען ארום װאר דיא האכצייט פון קלאראן מיט אדאלפן מיט גרויס פאראד, אונ קלארא איז געװארען „פרוי גליקסאן", —

פון דיא געשיכטע דאס זיא האט איין קינד, דאפאן האט קיינער ניט געװאוסט, ניכט איהר אנקעל, אונ איהר מאן אדאלף געװיס ניט, אונ זא האבען זייא געלעבט זייער גליקליך.

נור קיין זאך אין דער װעלט איז ניט דורך אויס גוט, זייט לעבען איז אויך ניט געװען דורך אויס לויטער, איין װאלקען האט

בעצוזאמען זייער לעבענסמיטעל, דען איינע יאהר איז פערגאנגען זייט זיא האבען חתונה געהאט, און האבען נאך קיינע קינדער געהאט דאס האט זייער בעטריבט זייערע הערצער, אבער דאך האבען זיא ביידע וועגען דעם ניט גערעדט, דען זיא האבען זיך זייער געליבט, און האבען ניט געוואלט איינער דעם אנדערן מאכין פערדרוס, און זא איז אוועק געגאנגען איינע יאהר אין בעלער און אין פיעל פערגעניגען.

## 3.

## דיא געהיימע ליעבע.

אין דער שטאט „קארלסרוה" אין בערלינער גאס, אין איין שיינעם מויער, זעהען מיר איין יונגען מאן פון 19 יאהר, זייער הויך און שלאנק געוואקסען, זיין געזיכט איז זייער שיין, איבער-האופט ליגט אין זיינע גרויסע שווארצע אויגען „סאנגער", מיט דעם ערשטין בליק אויף זיין געזיכט מוז איהם יעדער מענש ליבען, מיט זיין בליק וואס ער גיט אויף דעם מענשען מיט זיינע פריינדליכע אויגען, געווינט ער ביי איהם אלעס. — דיזער יונגער מענש מיט דעם נאמען „גרשון בלעכמאן", זיצט איבער א בוך זייער פערטיפט, ער האט ניט בעמערקט דאס דיא טיר פון זיין צימער האט זיך געעפנט, און דאס א פריילען שטייט ניט וייט פון איהם, און שלינגט יעדעס ווארט וואס ער לאזט ארויס פון זיין מויל, זיא לאזט פון איהם קיין אויג ניט ארונטער, אין דיזע בליקען ליגט עפעס מיטלייד, ליבע, טרויער, און אויך האסס. נאך איינע מינוטע איז דיא יונגע דאמע געשטאנען שטילל און אונבעוועגליך. דער יונגער בלעכמאן האט זיך אומגעקעהרט, „מאריע" האט ער זייער ערשראונט אויסגעשריען?

העדר בלעכמאן זיי ווערדען געפעלינסט צו מיטאג גערופען, אזעל איז שוין גערעקט, האט מאריע געזאגט.

זִייעֶר שֵׁיין הָאט בְּלֶעכְמַאן גֶעזָאגְט, וָועהְרֶענְד עֶר הָאט זַיינֶע פִּיכֶער צוּזַאמֶען גֶעלֵייגְט.

דָאס פְּרֵיילֶען אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, וָועהְרֶענְד זִיא הָאט נָאךְ אַיין בְּלִיק גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען מֶענְשֶׁען.

גְלֵייךְ דַארוֹיף אִיז אוֹיךְ גֶרְשׁוֹן בְּלֶעכְמַאן אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם שְׁפֵּייזֶע צִימֶער.

אַרוּם אַיין פִּיער קַאנְטִינֶען טִישׁ זַיינֶען גֶעזֶעסֶען 4 פְּערְזָאנֶען דֶער הֶערר פוּן דִיזֶע הוֹיזֶע, אַיין מַאן פוּן 45 יָאהְר, זַיינֶע פְרוֹיא מַלְכָּה זִיצְט אַן זַיין רֶעכְטֶע זַייט, נֶעבֶּען אִיהְר זִיצְט זַיינֶע טָאכְטֶער מַארְיֶע, אוּנ אַנְטְקֶעגֶען זַייא הָאט זִיךְ יֶעצְט גֶעזֶעצְט אוּנְזֶער גֶרְשׁוֹן בְּלֶעכְמַאן, אִין עֶסֶין הָאבֶּען דִיא אַלֶע מֶענְשֶׁען גַאנְץ וֶועניג גֶערֶעט, נָאכְדֶעם עֶסֶין אִיז דֶער הוֹיזְווִירְט מִיט זַיינֶע פְרוֹי אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, אוּנ עֶס זַיינֶען נוּר גֶעבְּלִיבֶּען מַארְיֶע מִיט בְּלֶעכְמַאן.

„גֶרְשׁוֹן" הָאט מַארְיֶע מִיט אַ צִיטֶערְנְדֶע שְׁטִימֶע גֶעזָאגְט! זָאג מִיר וָואס וֶועט זַיין דֶער סוֹף דֶער פוּן? דוּא וַוייסְט וִויא זֵייעֶר אִיךְ לִיבֶּע דִיךְ, אִיךְ מֶעכְטֶע מַיין גַאנְצֶעס לֶעבֶּין אָפְּפֶערִין פוּן דֵיינְט וֶועגֶען, דוּא וַוייסְט אוֹיךְ וִויא מַיינֶע עֶלְטֶערִין ווִילֶען פוּן דִיזֶער פַּארְטֵייא נִיט ווִיסֶען, ווייל זַייא וַוייסֶען דַיין הֶערְקוּנְפְט, אַלְזָא מַיין טֵייעֶרֶער עֶרְבַּארְמֶע דִיךְ אִיבֶּער מִיר, לָאמִיר הַייטֶע אָבֶּענְד נָאךְ אַוֶועק פָאהְרֶען פוּן דַאנֶען, אוּנ לָאמִיר מַאכֶען אַ חוּפָּה.

נַיין מַיין לֶעבֶּען! הָאט גֶרְשׁוֹן גֶעזָאגְט, אָהְנֶע דִיא עֶרְלוֹיבְּנִיס פוּן דֵיינֶע עֶלְטֶערִין ווִיל אִיךְ מִיט דִיר נִיט הֵייַראטֶען, אִיךְ ווִיל נִיט חַתוּנָה הָאבֶּען מִיט דִיר אָהְנֶע פְרֵיינְדֶע, אִיךְ ווִיל דִיר נִיט אַוֶועק־פִירֶען וִויא אַיינֶע גְנֵבָה, אִיךְ ווִיל דָאס דֵיינֶע עֶלְטֶערֶען זָאלְן אוֹיךְ אַיין טְהֵייל נֶעהְמֶען אִין אוּנְזֶערֶע פְרֵיידֶען.

מַארְיֶע הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ צוּא וַויינְט, אוּנ גֶרְשׁוֹן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען וִויא אַיינֶע שְׁטַאטוּעֶ, מִיט קֵיין גְלִיד הָאט עֶר נִיט גֶערִיקְט, פֶערְשִׁידֶענֶעס הָאבֶּען יֶעצְט זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען גֶעטְרַאכְט:

וויא עלענד בין איך אויף דער וועלט, מיין מוטער וועלכע האט מיר געבארען אונגעזעצליך, זיא האט מיר אויך פערלאססען גאנץ אליין. מיין פאטער ווייס איך גאר ניט וואו ער איז, אונ פיללייכט ווייס מיינע מוטער אויך ניט ווער מיין פאטער איז, — אך איך עלענדער לעבעדיגער יתום. —

נאך א רעכטע צייט זיינען זייא ביידע געזעססען, יעדער פערטיפט אין זיינע שמערצליכע געדאנקען, ענדליך האט זיך גרשון א שטארקען חאפ געטאן אונ האט דעם ציטער פערלאזען.

# 4.

## דער לעבעדיגער יתום.

געוויס וועט איהר ליבע לעזער פערשטיין, ווער דיזער גרשון בלעכמאן איז, דאס איז קיין אנדערער ניט ווי קלארא בלעכמאנס זאהן, וועלכע זיא האט איהם געהאט אלס אונשולדיגעס מעדכען אין ארמענהויז אין דיא שטאדט לייפציג. דיזער גרשון איז געבליבען אין לייפציג גאנץ עלענד, ווען זיינע מוטער האט איהם פערלאזען, זיא האט איהם פערשפראכען געלד צו שיקען, אונ איהם עפטערס צו שרייבען, נור ווען קלארא איז אין בערלין געקוממען צו איהר רייכען אנקעל, אונ ער האט איהר זייער פיין עמפפאנגען, האט זיא זיך געמאכט פעסט געסענדיג אן איהר זאהן, דען זיא האט געציטערט פיללייכט וועט איהר אנקעל ערפאהרען דאס זיא האט שוין א קינד, וועט ער ציהר ארויס טרייבען פון זיין שטוב, אונ נאכדעם ווי עס האט זיך איהר געטראפען דיא גליקליכע פארטייא מיט איהר ליבען צבי ראלף גליקסאן, האט זיא דאך געוויס געמוזט פערגעססען פון איהר קינד, אבוואהל איהר מוטערהערץ האט זייער פיל געליטען דארום, איבערהויפט האט איהר געקוואלען איהר רייגער געוויססען, געגען איהר טרייען מאן וואס זיא האט איהם געמוזט פערלייקענען

איהר

[illegible]

איהר זאהן, אונ זיא האט איהם גענאנט, דען דיזע קלארא וואר אין נאטור זייער ערענטליך אונ ערליך, דא זום האט עס איר זייער געשמערצט, אונ געהאלטען פאר איין גרויסע זינד אונ א פערברעכען געגען איהר מאן, אבער וואס האט זיא געקאנט מאכען? זיא האט געמוזט פערשווייגען. — אלזא איז דיזער ארמער גרשון געבליבען אין לייפציג אין ארמענשולע איינער אליין, אהנע עלטערען, אונ אהנע שוטץ. ביז 10 יאהר איז ער אין לייפציג געוועזען, נאכדעם איז ער אין בערלין געקומען, אונ דארטען זיינע מוטער צו זוכען, אבער ער האט ניט ערפאהרען. דער רייכער בלעכמאן איז מיט זיין גאנצען פערמעגען אב געריזט אין פאלעסטינא, אונ קיינע קלארא בלעכמאן איז מעהר ניט געוועזען, דען זיינע מוטער האט שוין יעצט געהייסען וויא מיר ווייסען „פרוי גליקמאן“, — ער האט זיך א פאר יאהר ארומגעטריבען אין בערלין, נאכדעם האט ער געבאך צופוס געוואנדערט פון שטאט צו שטאט, ביז ער איז געקומען אין די שטאט „קארלסרוהע“. — דארטען איז ער שרעקליך קראנק געווארען אונ מען האט איהם אריינגענומען אין קראנקען הויז, ער איז אב געלעגען גאנצע 3 מאנאטהייט, אויף'ן 4 מאנאטהייט האט ער זיך אן געהויבען צוא בעסערן, ער האט דעם ערשטען מאל זיינע אויגען געעפענט, האט ער געזעהן אויף איין אנדער בעטעל וועלכע איז געשטאנען ענטקעגען זיין בעטיל, איז געזעסען איין היבשעס יונגעס מעדכען נעבען איין קראנקען. אין איינינע טאגע ארום האט ער ערפאהרען, דאס דיזער קראנקער וועלכער ליגט אין דיא צווייטע בעטעל נעבען זיינע, איז א געוויסער פינחס בראנדבורג, אונ דאס היבשע מעדכען, דאס איז זיינע ליבע טאכטער מאריע, — דיזע מאריע פלעגט אפטערס אריבער קוקען אויף דיא בעטעל פון דעם אונגליקליכען גרשון, וויא מיט מאנגעט האט איהר זיינע טרויעריגע אויגען צוגעצויגען צוא זיין בעטעל, ווען איהר פאטער פלעגט איינשלאפען פלעגט זיא גליך צוא לויפען צוא איהם, ער האט איהר

אַלעס דער ציילט פון זיין געבורט אָן ביז יעצט, וואס ער האט אויס געליטען. — דיא גוטע מאריע האט זייער מיטלייד בעקומען מיט איהם, זיא פלעגט איהם אויף פאסען אונ פפלעגען וויא איהרען פאטער. ענדליך איז גרשון פאלשטענדיג געזונד געווארען, אויך פינחס איז געזונד געווארען, אונ אויף דיא ביטע פון מאריען האט דער וזערר פינחס בראנדענבורג מיט גענומען ד״ם גרשון צוא זיך, אונ ער איז ביא זייא, ער האט איהם פאר א לעהרער, אונ ער איז ביא זייא וויא איין איינען קינד, אָבער נאכדעם וויא זיי האבין ערפאהרען פון זייער ליבע, האבען זייא זייערע טאכטער מאריע אן געזאגט, דאס זיא זאל ניט דיינקען מיט איהם צוא הייראטען, דער אזא שדוך פאסט ניט פאר זייא, — אָבער דיזע מאריע וועלכע האט זייער געליבט דעם איידעלן גרשון, האט זיך פעסט בעשלאסן מיט איהם צוא אנטלויפען, אונ מיט איהם חתונה צוא האבען, ווען ער זאל נור וועלען, אָבער וויא דער ליבער לעזער וויים שוין, האט דיזער גרשון פאר קיין פאל ניט געוואלט מיט איהר הייראטען אתע איהרע עלטערינס גרלויבנים, אלזא האבען זיך דיזע ביידע זייער געקוואלעו מיט זייער ליבע אין הערצען, אונ האבען זיך געהאלצען מיט זייערע שמערצען.

# 5.

# דיא זילבערנע האבצייט.

אין בערלין, מיין ליבער לעזער מוזע מיר צוריק קעהרען. לאנייר זעהען וואס מאכט אונזער קלארא מיט איהר ליבען מאנן אדאלף גליקמאהן. יאהרען זיינען געקומען, דיא יאהרען זינדען געגאנגען, דיזער אדאלף גליקמאן האט געלעבט מיט זיינע פרוי דיא שיינע קלארא זייער גליקליך, דען ער וואר זייער רייך, אָבער דאך האט עפּעס בעטריבט זיין הערץ, ווען ער האט זיך דערמאנט, דאס

דאס ער לעבּט אבּ אהנע קינדער, ער וועט א מאל שטערבּין, אונ ער וועט ניט האבּען, ווער עס זאל אים ערבּען, ער וועט ניט האבּן קיין קדיש, קיינע טרייע זעלע וועלכע זאל נאך איהם וויינען, ווער עס זאל אים זיינע אויגען צוא דריקען, אויך זיינע פרוי קלארא וואר אויך זייער אומעטיג אונ נידערשלאגען, איהר הערץ וואר דאפּעלט פערוואונדעט, ערשטין האט איהר מוטער הערץ זייער געליטען איבּער איהר איינציגען קינד, וועלכע זיא האט איהם זא אונערבּארעמליך פערוואָרפען אין דיא גרויסע וועלט, אונ האט ניט געוואלט פון איהם וויסען, צווייטענס האט איהר איידעלעס הערץ געבּלוטעט פאר פערדרוס, ווארום זיא האט איהר מאן, וועלכער ליבּט איהר זא זייער, אונ זיא האט איהם געשוואָרען טרייע אונ ערגעבּענהייט, האט איהר יעצט זייער געקוואלען די געוויסענבּיסע ווארום זיא האט פערלייקענט פון איהר מאן, דאס זיא האט איין קינד געהאט, ווארום האט זיא איהר ליבּען מאן אבּ גענארט.... דאס האט איהר איידעלעס הערץ אלע טאג מעהר אונ מעהר בּעטריבּט. אלע טאג איז זיא געווען בּערייט איהר הערץ צוא עפענען פאר איהר טרייען מאן, אונ איהם צוא ערציילען אלעס וואס מיט איהר האט פאסירט, אונ איהם בּעטען אום פערצייהונג, וואס זיא האט איהם גלייך ניט ערציילט. דיא ווערטער פלעגען שוין ליגען אויף איהר צונג, זיא פלעגט שוין וועלען אנפאנגען אים צוא ערציילען, אבּער זיא פלעגט אימער ניט קענען אויף איהרע ליפּען פארבּריינגען. — זא איז פערלאפען גאנצע 25 יאהר, עס וואר אויף דעם 25 טען יאהר נאך זייער חתונה, דאס וואר אין מאנאט יאנוואר, דאן האט דער רייכער העדר גליקמאן געפייערט דיא זילבּער-האכצייט [25 יאהר נאך דער חתונה הייסט זילבּער—האכצייט], אין איין זייער גרויסען זאלאן וועלכער וואר פיין בּעלייכטעט, איין גרויסארטיגער בּופעט מיט אלערלייא שפּייזען, אלערלייא טייערע וויינען אונ געטרייגקע, איז געשטאנען פריא

פאר אלע געסטע, אין ארקעסטער מוזיק האט הערליך געשפילט, מען האט געטאנצט, מען האט זיך אמוזירט, מען האט געגעסען אונ געטרונקען ביז נאך האלבע נאכט, דאן האבען זיך אלע נעכט הערצליך געשיידעט פון דעם ווירט, אונ זייא זיינען אלע נאך הויזע געפאהרען.

קלארע איז געבליבען זיצען אין דעם גרויסען זאלאן אנגעטאן אין איהר העלע אטלאס קלייד, איהר קאפ האט זיא געהאלטען אונטער געשפארט מיט איהרע ביידע הענד, אונ פון איהרע אויגען האט געררינענט הייסע טרערען. אדאלף איז גראדע הייטע אבענד געוועזען זייער מונטער אונ פריילעך, ער האט שוין געוואלט גיין אין זיין שלאף צימער, ער האט איין בליק געווארפען אויף זיינע פרויא אונ איז צוא איהר צוא געגאנגען, וויא ערשטוינט איז ער אבער געווארען, אלס ער האט איהר געפונען אין דיזער פאזע.

וואס איז דיר מיינע טייערע? האט ער איהר זייער צערטליך געפרעגט.

קלארע איז ארויס מיט א שרעקליכען געוויין, „פערצייהע מיר", האט זיא מיט טרערען געבעטען, פערגיב מיר אדאלף, איך האב געגען דיר זייער געזינדיגט.

וואס געזינדיגט? האט אדאלף פערוואונדערט געפרעגט.

הער אויס אדאלף! האט קלארע מיט איינע ציטערענדע שטימע געזאגט, זייא וויסען, איך האב איין זאכען.

איין זאכען האסט דוא? דוא אונגעטרייע, האט אדאלף צארניג געזאגט.

האהך מיר אויס ליבער אדאלף, האט קלארע מיט א געוויין געבעטען, הער מיר אויס, וועסט דוא וויסען אז איך בין גאנץ אונשולדיג אין דעם.

איך וויל ניט הערען, האט אדאלף צארניג געזאגט, אונ האט געוואלט ארויס לויפען פון זאל.

(בעווענגיק)

קלארע האט איהם מיט בײדע הענדע אב געהאלטען, אונ האט געזאגט, נײן אדאלף, דוא מוזט מיר צוא ערשט אלעס אויס הערען, דאן בין איך פעסט בעשלאסען פון דיר זיך צוא שײדען אויף איביג.

אדאלף איז שטיין געבליבען, ער האט איהר אין געזיכט ניט אנגעקוקט, ער איז געשטאנען מיטען רוקען צוא איהר, אונ ער האט געזאגט, ערצײל שוין גיכער, מאך עס אבער קורץ, דען מיר איז שרעקליך צוא שטיין אין אײער נעהע. —

קלארע האט אנגעפאנגען צוא ערצײלען, עס װעט שוין זײן אונגעפעהר 30 יאהר, איך בין דאמאלס געװעזען אײן אונשולדיגעס קינד פון 15 ביז 16 יאהר, איך האב מײנע עלטערען פערלארען, אונ אײנע אלטע פרויא האט מיר אויס מיטלײד צוא זיך גענומען, איך האב פון איהר זײער פיל געליטען, ענדליך האט זיא מיר אין מיטען נאכט ארויס געטריבען נאקעט אונ בארװעס, איך בין אין אונמאכט געבליבען אויפ'ן מיטען גאס, אײן יונגער מענש, אײן סטודענט האט מיר געפונען אויפ'ן גאס, ער האט מיר צוא זיך אין זײן צימער געטראגען, איך האב מיר פון מײן אונמאכט אויף געװאכט, ער האט מיר צוא עסען געגעבען, איך האב זיך געלײגט שלאפען, איך בין געװען אײן גאנץ אונשולדיגעס קינד, איך האב פון קײן זאך ניט געװאוסט .... איך האב ניט געװאוסט װאס מיט מיר איז געשעהן .... נור אין 3 מאנאטע ארום האב איך געפילט דאס איך בין שװאנגער ....

אין װעלכע שטאט האט דאס פאסירט? האט אדאלף געפרעגט, אונ ער האט זײן געזיכט אומגעקערט צוא איהר.

אין לײפציג! האט קלארא געאנטװארט.

אין לײפציג? האט אדאלף מיט א שרעקליכען געשרײא אויסגעשריען, זיא דאס קלארע איז אויף געשפרונגען פאר שרעק, אונ אונזער קינד לעבט? האט אדאלף װײטער האסטיג געפרעגט.

אונזער קינד ? האט קלארע ווידערהאלט.

יא אונזער קינד ! האט אדאלף געזאגט, — זייא וויסען ליבע קלארא, דאס יענער סטודענט וועלכער האט דיר געפונען אויפ'ן נאס ליגענדיג האלב טויט, דאס בין איך אליין, אונ דיין קינד איז אויך מיין קינד, וויא גליקליך בין איך דאס איך האבע איין זאהן, אך לאמיר גיכער פליהען איהם אויף צוא זוכען, לאמיר איהם פיקסער געפינען, מיר זאלען איהם קענען צוא אונזער הערצען צו דריקען. — אדאלף איז געפאלען קלאר'ן אויפ'ן האלז, פערצייהע מיר דוא טייערע איידעלע זעלע, האט אדאלף צוא איהר געזאגט, פערגיב מיר, איך אליין בין שולדיג אין דיינע ליידען.

איך פערגעבע דיר, האט קלארא איידיל געזאגט.

פילע טרערען האבען זייא ביידע פערגאסען, דאן האבען זיי ביידע זייער לאנגער אויפגעזוכט, אונ זיינען צוא רוהע געגאנגען.

# 6.

## דיא אונגליקליכע פאמיליע.

אין קעניגסבערג, אין איין ווייטען געסעל שטייט איין אלטעס הויז, לאמיר דאך אריין גיין ליבער לעזער, דוא וועסט זעהן דאס דוא מענש דארפסט ניט זינדיגען, ווען דיר גייט ניט אזוי וויא דוא ווילסט, דוא וועסט זעהען אז עס איז דא פיל ערגער פאר דיר. דוא זעהסט דיזע קליינע פאמיליע וועלכע בעשטייט פון דריא פערזאנען, איין מאן מיט זיינע פרויא, אונ איין קליינע טאכטער פון 5 יאהר, דער מאן איז נאך איין גאנץ יונגער מענטש פון 26 יאהר אונגעפעהר, דיא פרויא ווירד נאך עטוואס יונגער זיין, זייערע געזיכטער איז עכט בלייך, וויא פון טויטע מענשען, דאס 5 יעריגעס קינד זיצט אויף א ביינקעל גיט נוייט פון אירע עלטערן, איהר שיינעס געשניצטעס געזיכט, איז ניט שענער וויא דאס

נעזיכט פון אידרע עלטערן. עס איז עכט בלאס וויא דאס פאפיר, אידרע ליפּעלאך זיינען פערטריקענט, זיא איז איינגעהילט אין לופּעטעס, אונ דען שוידערט אידר אין קעלט, דען אין דרויסען איז א רעכטער פרעסטעל, אונ דאס צימער איז ניט געהייצט.

מאמא! האט דאס קינד געזאגט, וואלסט דוא וויסען וויא איך האב יעצט אפּעטיט צום עסען, ווען איך מעכט קריגען איין שטיקעלע ברויט, וואלט איך זיין דיא גליקליכסטע אויף דער גאנצער וועלט.

אך מיין ליבעס קינד, האט דיא מוטער געזאגט, ניטא קיין ברויט, דער ליבער גאט האט אונז פערלאזען, מיר מוזען פאר הונגער שטארבען.

דוא ווייסט ליבע מאריע, האט דער מאן צערטליך צו אידר געזאגט, דוא ווייסט, אז איך בין היינטע אויך געגאנגען בעטען, אבער ביי דיא ביידע וועלכע איך האב מיין האנד אויסגעשטרעקט, האב איך נאר ניט געקראגען, אונ איך בין שוין געגאנגען ליידיג האב איך געטראפען איין הערין, איך האבע מיינע האנד צוא אידם אויס געשטרעקט צוא בעטען, ער האט מיר איין גאלד-שטיק דער לאנגט, אך! איך האב דיזען הערין דער קענט, מיין געזיכט איז מיר מיט בלוט פערגאסען געווארען, אבער וויא מיר ווייזט אויס האט יענער הערר מיר ניט דערקאנט, איך בין מיט דיא געלט גלייך אין אפּטייק געגאנגען, אונ איך האב פאר דאס געלט געקויפט דיזע נוטע מעדיצין, — א גוטע רפואה, וואס וועט אונז בעפרייען פון אלע אונזערע ליידען .... ביא די ווערטער האט דער מאן ארויס גענומען פון קעשענע איין קליינעס פולווער (פראסיק) אונ ער האט געוויזען זיינע פרויא, — זעהסט דוא ליבע מאריע, האט דער אונגליקליכער מאן געזאגט, קיין אנדער מיטיל איז פאר אונז ניטא, זאנדערען דיזע גיפט אויס צוא טרינקען, אונ מיר וועררען פרייא פון אלע צרות.

(פארזעצט) נין

ניך ליבער גרשון! האט מאריע געזאגט צוא איהר מאן, מיר גרוילט זייער פאר'ן טויט. מיר שוידערט ווען איך דער מאן זיך אן דעם ביטערען טויט, איך בין נאך יונג, איך האב נאך וויניג זייער וויניג גוטעס געהאט, אונ יעצט, אך! זא ניך פערלאזען דיא וועלט, אונ גיין וואוינען אין דיא פינסטערע ערדע, – אך! שוידערהאפט, שרעקליך.

מאמא! האט דיא קליינע בערטא געפרעגט, מאמא, אין דער ערדע קרינט מען צוא עסען? אז מען שטארבט הונגערט מען ניט מעהר? אך! וויא איך מעכטע שוין שטארבען וועלען, דען מיר הונגערט אזוי שטארק.

יא מיין ליבעס ארמעס קינד! האט דער פאטער טרויעריג געזאגט, ווען מען שטארבט, קומט מען אין הימעל אריין אונ דארט האט מען אלעס גוטעס, מען שפילט זיך מיט דיא ענגלען [מלאכים], אונ עס איז זא גוט, אונ זא זיס.

ווייסט דוא וואס מיין ליבער גרשון, האט דיא אונגליקליכע פרויא געזאגט, איך וועל פרובירען שרייבען נאך איין בריף צוא מיינע עלטערען, פיליכט וועלען זייא זיך ערבארמען איבער אונז, אונ זייא וועלען אונז עטוואס שיקען.

אומזיסט דער שרייבען, האט גרשון טרויעריג געזאגט, דיין פאטער איז הארט וויא אייזען, זיין הערץ איז פון שטיין, זיין געפיהל איז פון קופער, איבער זיינע כבוד האט ער פערטריבען זיינע איינציגע טאכטער פון זיין הויז, אונ יעצט וועט ער אום בריינגען 3 פ'ראנען.

אך מיין ליבער טרייער גרשון, האט מאריע מיט איין זייער יאמערענדע שטימע געזאגט, נור איך אליין בין שולדיג אין אונזער אונגליק, איך האב דיר ניט געפאלגט. דוא האסט ניט געוואלט מיט מיר חתונה האבען אן דיא ערלויבניס פון מיינע עלטערען, אונ איך האב אין דיר אזויא לאנג געדרונגען, ביז איך האב אויס

(בעדעטניס) געמידעט

געפירט דוא זאלסט מיט מיר אנטלויפען דא אין קעניגסבערג, און נון זיינע מיר אונגליקליך. — יא מיין ליבער מאן קיין אנדער מיטעל איז פאר אונז ניטא, מיר מוזען נעהמען די גיפט אלס רעטונגס מיטעל, דען אונז איז שוין געקומען די וואסער ביז צום האלז, אז דוא מיין ליבער מאן האסט שוין געקענט אויס שטרעקען דיין האנד צוא בעטען א נדבה, איז אלעס אוים.... גיב אהער ליבער גרשון דיין גוטען פולווער, לאמיר איהם צוא טיילען אויף דרייא טייען, און לאמיר טרינקען דעם גיפט בעכער, אין איין שטונדע שפעטער זיינען מיר לויז פון דיזען קנאלפאלען לעבען.

גרשון האט דערלאנגט א גלאז מיט וואסער, ער האט איבער געטיילט דעם פראסיק גיפט אין 3 טהיילען, איין טהייל האט ער אריינגעשאטן אין גלאז, און ער האט דורך געמישט מיט א לעפיל.

ווער וועט פריהער טרינקען? האט גרשון מונטער געפרעגט.

איך וועל פריהער טרינקען! האט די קליינע בערטהא געזאגט, איך וויל פריהער שטארבען, איך וויל פריהער קומען אין הימעל, איך וועל דארטען מאכען פאר אייך א פיינעם ארט, איך וועל בעטען די גוטע ענגלען [מלאכים] זייא זאלען פאר אייך ליבע עלטערען אנגרייטען א פיינעם גרויסען זאל מיט אלערלייא גוטע שפייזען. — יא, יא, ליבער גוטער פאפא, לאז מיר פריהער טרינקען.

ניין מיין ליבעס קינד! האט די מוטער געזאגט, איך דארף פריהער שטארבען, דען איך בין שולדיג אין אלעס, איך אליין פערדין דעם טויט, איך בין שולדיג אין אונזער אונגליק.

גרשון האט גענומען די גלאז צוא די ליפען, טריט האט זיך געהערט אין פארהויז, און גלייך דארויף האט זיך די טיהר געעפענט, און עס איז אריינגעקומען איין בייבעקליידעטער הער ניט מעהר קיין יונגער, אבער נאך זייער גוט פון אויסזעהן, נאך איהם איז אריינגעקומען א פרוי מיט איינע יאהר איינגער פאר דעם

הערצן, אויף איהר געזיכט איז נאך צוא זעהען דיא שפורען פון שיינהייט. דער הערר האט זיין בליק געווארפען אויף דיא דריא אונגליקליכע פערזאנען וועלכע זיינען געזעסען ארום דעם צוא בראכענעם טישעל. אויף זייערע געזיכטער איז שוין געלעגען דער טויט, גרשון האט נאך געהאלטען דיא גלאז מיט דיא גיפט אין האנד, ער האט אבער געצעגערט צוא טרינקען.

וואס איז דאס אין גלאז? האט דער פרעמדער הערר איהם געפרעגט.

דאס איז אנא ליבער טראפען וועלכער היילט אללע וואונדען! האט גרשון מיט א ביטערען שמייכעל געזאגט.

דער פרעמדער האט ארויסגעריסען דיא גלאז פון גרשון'ס האנד, אונ ער האט א װארף געטאן אויף דעם קאמין, אונ עס איז צובראכען געווארען אויף שטיקער.

גרשון מיט זיין פרוי אונ דיא קליינע בערטהא האבען זייער שטאר אנגעקוקט דעם פרעמדען.

וויא איז אייער נאמען? האט דער פרעמדער אים צערטליך געפרעגט.

וואצו ברויכט איהר עס צו וויסען? האט גרשון פערדריסליך געזאגט.

הייסט איהר גרשון בלעכמאן? האט דער פרעמדער ווייטער געזאגט. — האט ניט אייער מוטער געהייסן קלארא?

גרשון איז געשטאנען צוא מישט, אונ האט אויסגעשטעלט גרויסע אויגען אויף דעם פרעמדען הערן.

מיין ליבער טייערער זאהן! האט דער הערר מיט א יאמער אויסגעשריען, וויא איז מיר, אין וועלכען עלענד איך האב דיר געטראפען, אבער צוא דאנקען דעם עווינען איך בין נאך געקומען צוא רעכטען צייט, איך האב אייך נאך געטראפען אם לעבען. יעצט האפע איך וועט אייך אייער לעבען זיין דאפעלט זיס.

דיא

(בעזדעטניק)

דיא פְרֶעמְדֶע פְרוֹיא איז גֵרְשוֹן'ֶען אויף'ן הַאלְז גֶעפַאלֶען מִיט דֶעם גֶעשְׁרֵייא, — מַיין לִיבֶּער גוּטֶער זָאהְן.

גֵרְשוֹן איז גֶעשְׁטַאנֶען וְויא צוּ מִישְׁט, עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶס טוּט זִיךְ מִיט אִים, עֶר הָאט נִיט אַנְדֶערְס גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ עֶר אִיז דָא אויף'ן הִימֶעל, אוּנ דָא הָאט עֶר גֶעטְרָאפֶען זַיינֶע לִיבֶּע עֶלְטֶערֶען.

וָואס בִּיסְט דוּא אַזוֹיא צוּטוּמֶעלְט מַיין לִיבֶּער זָאהְן; הָאט דִיא מוּטֶער גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דַיינֶע מוּטֶער וָועלְכֶע אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעלָאזֶען אִין לַייפְּצִיג גַאנְץ אַלֵיין, אוּנ אִיךְ בִּין אַוֶועק אִין בֶּערְלִין זוּכֶען מַיינֶע רֵייכֶע קְרוֹבִים, — פֶערְצֵייהֶע מִיר מַיין לִיבֶּער זָאהְן, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶען דִיר פִיל גֶעזִינְדִיגְט.

גֵרְשוֹן הָאט זִיךְ יֶעצְט דֶערמָאנְט אָן זַיינֶע פְרִיעֶרִיגֶע טאגֶע, אוּנ אִיז אַרוֹיס מִיט אַ גְרוֹיס גֶעוויין.

נָאכְדֶעם הָאבֶּען זַייא זִיךְ בֶּעגְרִיסְט מִיט זַייעֶר לִיבֶּע שְׁנוּר אוּנ מִיט דֶעם לִיבֶּען אֵיינִיקֶעל, אוּנ גְלֵייךְ זַיינֶען זַייא מִיט גֶעפָאהְרֶען מִיט זַייא אויף'ן הָאטֶעל, וואוּ דָארְטֶען הָאט זַייא שׁוֹין עֶרְוַוארְט אַיין פֵיינֶער גְרוֹיסאַרְטִיגֶער מִיטָאג.

# 7.

## דִיא גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען.

אִין הָאטֶעל דֶע-קָאמֶערְצִיעָ, לָאמִיר דָאךְ אַרֵיינגֶעהְן לִיבֶּער לֶעזֶער, אִיךְ פֶערְשְׁפְּרֶעךְ דִיר דָאס דוּא וֶועסְט הָאבֶּען זַייעֶר פִיל פֶערְגֶענִיגֶען, דוּא וֶועסְט יֶעצְט זֶעהְן דֶעם אוֹיבֶּערְכְטֶענְס וואוּנְדֶער, זְויא דַיינֶע הִילְפֶע קָאן קוּמֶען יֶעדֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק, אוּנ מִיר מֶענְשֶׁען דַארְפֶען אוּנְזֶער הָאפְנוּנְג נִיט אוֹיפְגֶעבֶּען. דוּא הָאסְט גֶעזֶעהְן דֶעם עֶלֶענְד פוּן דִיא אוּנגְלִיקְלִיכֶע פַאמִילְיֶע, דוּא הָאסְט גֶעזֶעהְן וִויא דֶער אַרְמֶער גֵרְשוֹן הָאט גֶעהַאלְטֶען דֶעם נִיפְּט—בֶּעכֶער אִין הַאנְד,

אונ האט שוין געוואלט מאכען א כוף פון זיין ביטערען לעבען. — ווא האט געזעהן דיא עדעלע מאריען וויא זיא האט געוואלט פריהער טרינקען דיא גיפט, אונ וויא האט דיר דיין גוטעס הערץ וויא געטאן אויף דיא גוטע קליינע בערטהאן, וועלכע האט זיך געבעטען מען זאל איהר פריער אוועק שיקען אויף דעם הימעל, דאמיט זיא זאל קענען פאר איהרע ליבע עלטערין אנבייטען איין שיינעם פלאץ, איין פיינעם ארט פאר זייא אין הימעל, געוויס האסט דוא איינע טרערען פערגאסען אויף דיא אונגליקליכע פאמיליע. — דאפיר קום אריין וועסט דו האבען פאר דיינע ליידען גרויסע פריידע.

אין איין רעכט גרויסען שיינעם צימער, ארום איין פיינעם טיש וועלכער איז בעדעקט מיט איין ווייסען סערוועט, זיצען יעצט דיזעלבע אונגליקליכע פאמיליע, אויבען אן זיצט דער הערר אדאלף גליקמאן, נעבען איהם זיצט זיינע פרוי קלארא, אן זיין רעכטער זייטע זיצט זיין זאהן גרשון, נעבען דיא מוטער זיצט די גליקליכע מאריע, אויף איהר שוים זיצט דיא קליינע גליקליכע בערטהא, דיא גליקליכע עלטערען קענען זיך זאט ניט אנקוקען אויף זייערע ליבע קינדער, איבערהויפט דער אדאלף. וועלכער האט גאר ניט געחלום'ט פון אזא גליק, אז ער זאל האבען איין זאהן, אונ זיינע אויערען זאלען הערען דעם גליקליכען נאמען „פאטער", זייא זיצען יעצט אונ עסען אללערלייא שענסטע אונ בעסטע שפייזען, אללע ווייליע לויפט צוא דער טרייער צערטליכער גליקליכער פאטער, אונ פאלט ארויף אויף זיין ליבען זאהן, ער דריקט איהם צוא אן זיין הערצען, — מיין ליבער זאהן! מיין ליבער זאהן! מיין ליבער פאטער! מיין ליבער פאטער! הערט זיך נור פון זייערע ליפען, באלד פאלט דיא מוטער ארויף אויף איהר זאהן, אונ דער פאטער דריקט אן זיין נוארעמע פאטער הערץ זיין ליבע שנור אונ זיינע שיינע קלוגע איינקעל, — איך זאג אייך ליבע

לעזער      בעזורש ניט

לעזער עס איז שיין צוא וועהען אנא פריידען טאג, קוק זיך נוט איין אין דיזע פאמיליע, דוא וועסט זייא געוויס ניט דער קאנען, זייערע געזיכטער זיינען שוין מעהר ניט אזויא בלייך וויא געבעטען, זייערע געזיכטער שטראהלט יעצט פון פערגעניגען, זייער עלענד, זייערע אומעטיקייט, איז פערשוואונדען, אלע פרייען זיך, אונ לאכען יעצט מיט'ן פולען מויל, קיינער קען עס גאר ניט גלויבען, דאס דיזע גליקליכע מענשען זיינען געוועזן מיט א שטונדע צוריק דיא אונגליקליכסטע אין דער גאנצער וועלט. —

דיא קליינע געזעלשאפט וואר זייער מונטער אונ פריילאך, זייא וואַרען אזויא פערטיפט, דאס זייא האבען גאר ניט געהערט וויא די טיהר האט זיך געעפענט, אונ עס איז אריין איינע אלטע אין דרייען איינגעבויגענע פרויא, מיט איין עכט רויטען נאז, אבער עכט רויט וויא געברענטע קופער, אין דער רעכטער האנד האט זיא געהאלטען איין קארענע גרויסע פושקע, דיא לינקע האנד האט זיא געהאלטען אריינגעשטעקט אין נארטעל פון איהר קלייד וועלכע איז געהאנגען שטיקער וויים.

איין שיינעם ליבען גוטען טאג אייך, איהר ליבע זיסינקע גוטע מענשען, שיינקט וואס איין ארעמע אלטינקע קראנקינקע האט דיא אלטע געזאגט.

אלע געזיכטער האבען זיך געקעהרט צום טיהר, אונ דער־וועהענדיג דיזע פיגור אונפערהאפט, האבען זיך אלע איין ביסעל דערשראקען, נאכדעם האט דער העדר ארויסגענומען זיין געלט־בייטעל פון טאש אונ האט פון דארטין ארויסגענומען א 10 מארק־שטיק אונ האט איהר דערלאנגט.

לאנג לעבען זאלט איהר גוטער העדר, האט דיא אלטינקע געזאגט, גאט זאל אייך געבען נחת אונ פריידע פון אייערע קינדע אונ איינקלאך.

אָמֵן! הָאבּען אַלֶע גֶעאַנְטְוואָרְט.

דִיא אַלְטֶע הָאט אַיין טִיפֶען וִיפְץ גֶעטָאן, אונ אַ גֶעשְׁרֵייא אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶען, דָאס עֶס הָאט פֶּערְקְלוּנְגֶען דֶער גַאנְצֶער זַאל, אָט אִיז יֶענְטֶע! אָט אִיז זִיא! יַא! יַא! זִיא הָאט גֶעוויזֶען מִיט אִיהְרֶע גְרָאבֶּע שְׁמוּצִיגֶע פִינְגֶער אוֹיף קְלַארַא'ן, — אַךְ, טוּא מִיר נִיט יֶענְטִינְקֶע, הָאט זִיא יֶעמֶערְלִיךְ גֶעבֶּעטֶען, אוֹי, אִיךְ הָאבּ דִיר דַאמָאלסְט אַ בִּיסֶעלֶע צוּא גֶעשְׁטִיקְט מִיט דִיא קִיסֶען, פַּאי וויא סַאי וָואלְסְט דוּא מֶעהר נִיט גֶעלֶעבְּט, דִיא בִּיסֶעלֶע גֶעלְט דַיינֶע, אונ מִיט דִיא בִּיסֶעלֶע זִילְבֶּער וָואס אִיךְ הָאבּ צוּא גֶענוּמֶען פוּן דִיר, דַאפִיר הָאבּ אִיךְ דָאךְ גֶעגֶעבֶּען צוּא עֶסֶען דַיין טָאכְטֶער קְלַארֶען צְווייא יָאהר, אונ הָאבּ אִיהר גֶעהַאלְטֶען דוּכְט זִיךְ נִיט שְׁלֶעכְט, נוּר אֵיין מָאהל הָאט זִיא מִיר גֶערֶעט אַנְטְקֶעגֶען, הָאבּ אִיךְ אִיהר אָנְגֶעריסֶען דִיא זַייטֶען, אונ אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען, אונ פוּן דַאמָאלְסְט אָן וַויים אִיךְ נִיט וואוּ זִיא אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען.

קְלַארַא הָאט אוּיס גֶעשְׁטֶעלְט אִיהְרֶע גְרוֹיסֶע אוֹיגֶען אוֹיף דִיא אַלְטִינְקֶע, זִיא הָאט בֶּעטְרַאכְט אִיהר רוֹיטֶען נָאז, מִיט דִיא טַאבַּאק, זִיא הָאט זִיךְ דֶערמָאנְט וואוּ זִיא הָאט דֶעם זֶעלְבֶּען נָאז גֶעזֶעהֶען, וואוּ זִיא הָאט דִיזֶע שְׁפְּרַאכֶע גֶעהֶערְט, אִין אִיהְרֶע גֶעדַאנְקֶען זַיינֶען דוּרְךְ גֶעפְלוֹיגֶען אִיהְרֶע קִינְדֶערְשֶׁע יָאהרֶען, זִיא הָאט זִיךְ דֶערמָאנְט אָן שָׁאסֶע רוֹיטנָאז, זִיא הָאט זִיךְ דֶערמָאנְט אָן דֶעם אָבֶּענְד וָוען זִיא הָאט אִיהר אַרוֹיס גֶעשְׁלַיידֶערְט אִין אַיין מִיטֶען ווינְטֶער נַאכְט, הַאלְבּ נַאקֶעט אונ גַאנְץ הוּנְגֶערִיג.

שָׁאסֶע! הָאט קְלַארַא מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען גֶעשְׁרֵייא אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן.

(בֶּעזִיעֶטְנִיק) שָׁאסֶע

שׁאסֶע אִיז אַנִידֶער גֶעפַאלֶען פַאר שְׁרֶעק. — „וֶעה, וֶועט מִיר נִיט יֶענְטִינְקֶע, אִיךְ ווִיל נָאךְ לֶעבֶּען יֶענְטִינְקֶע“, הָאט דִיא אַלְטֶע מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען קוֹל גֶעשְׁרִיעֶן.

אִיךְ בִּין נִיט יֶענְטֶע, הָאט קְלַארַא מִיטְלֵיידִיג גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יֶענְטֶעס טָאכְטֶער קְלַארַא.

קְלַארַא בִּיסְט דוּא? הָאט דִיא אַלְטֶע מִיט אַיין שְׁוַואכֶע שְׁטִימֶע גֶעזָאגְט, אַךְ! פֶערְגִיבּ מִיר וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶען דַיינֶע מוּטֶער, אוּנ אַנְטְקֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, דַיין מוּטֶער אִיז קְרַאנְק גֶעלֶעגֶען, אוּנ דַיין פָאטֶער אִיז שׁוֹין דַאמָאלסְט אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט גֶעוֶועזֶען, דוּא בִּיסְט דַאמָאלְס אַלְט גֶעוֶועזֶען פוּן צְוֶועלְף בִּיז דְרַייצֶעהְן יָאהר, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין נַאכְט, אִיז דַיינֶע מוּטֶער גֶעשְׁלָאפֶען זַייעֶר גֶעשְׁמַאק, אוֹיךְ דוּא בִּיסְט דַאן גֶעלֶעגֶען אִין דַיין בֶּעטֶעלֶע אוּנ גֶעכְרָאפֶּעט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן אִין כַאמָאר אַיינִיגֶע רוּבֶּעל מִיט אַיין בִּיסֶעלֶע זִילְבֶּער, מִיר אִיז דָאס זֵייעֶר גֶעפֶעלִיג גֶעוֶועזֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט ווִיא זָאל אִיךְ דָאס אָבּ יַרְשֶׁנֶען, אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען אוֹיף אַיין פְּלַאן, אִיךְ הָאבּ עֶטְלִיכֶע קִישֶׁענְס אַרוֹיף גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דַיין קְרַאנְקֶע שְׁלָאפֶענְדֶע מוּטֶער, אוּנ זִיא אִיז פַארְטִיג גֶעוָוארֶען, אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אוֹיף אַלֶעס אַבַּעל־הַבַּיִת׳טֶע, אוּנ אוֹיךְ אוֹיף דִיר ווִיא דוּא ווֵייסְט, זִיא הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ צוּא ווֵיינְט.

אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען אַרוּם הָאט זִיא לוֹיז גֶעמַאכְט אִיהר טָארְבֶּעצְקֶע, אוּנ הָאט פוּן דָארְטֶען אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַיין פֶּעקְעלֶע אַיינְגֶעווִיקֶעלְט אִין אַיין אַלְטֶען פַארְטוּךְ, נָאכְדֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען אַיינְגֶעווִיקֶעלְט אִין אַ לוּפֶּעטֶע, זִיא הָאט דִיא לוּפֶּעטֶע אוֹיךְ אָבּ גֶעווִיקֶעלְט, דַאן הָאט זִיא אָבּ גֶעווִיקֶעלְט דְרַייא פַּאפִּירֶען, דַאן

אִיז גֶעוֶועזֶען צוּא וֶועהֶען וַייסֶע וִויא וִוילְבֶּער, וִויא הָאט אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַיין וִוילְבֶּערְגֶעם בֶּעכֶער מִיט אַיין וִוילְבֶּערְגֶעם הָרָס, אוּנ זִיא הָאט גֶעזָאגְט: נַא דִיר קְלַארַא דָאס אִיז פוּן דַיין מוּטֶער, דִיא אִיבֶּערִיגֶע וִוילְבֶּער הָאבּ אִיךְ שׁוֹין נִיט מֶעהר, וִויא אִיז זַייעֶר שְׁוַואךְ גֶעוָוארֶען אוּנ אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען.

אַדָאלְף הָאט אָנְגֶעקְלוּנְגֶען, עֶס אִיז אַרַיין אַיין דִינֶער פוּן הָאטֶעל, אַדָאלְף הָאט גֶעהֵייסֶען אַרַיינְטְרָאגֶען דִיא אַלְטֶע אִין אַיין צִימֶער, אוּנ עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען רוּפֶען אַ דָאקְטָאר.

דֶער דִינֶער הָאט אִיהר אִין אַ בֶּעטֶעל אַרַיין גֶעלֵייגְט, אוּנ אִין צֶעהְן מִינוּט אַרוּם אִיז אַ דָאקְטָאר גֶעקוּמֶען, אָבֶּער עֶס אִיז שׁוֹין צוּא שְׁפֶּעט גֶעוֶועזֶען. דֶען דִיא אַלְטֶע שָׁאסֶע רוֹיטַנָאוּ, וָועלְכֶע הָאט דֶערְשְׁטִיקְט קְלַארֶעס מוּטֶער, אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען טוֹיט.

אוֹיף מָארְגֶען וֶוען מֶען הָאט דִיא אַלְטֶע שָׁאסֶען צוּא רוּהֶע גֶעבְּרַאכְט, אִיז אַדָאלְף גְלִיקְמַאן מִיט זַיינֶע פְרוֹי אוּנ קִינְדֶער אָב גֶערַייזְט צוּא הוֹיזֶע נָאךְ בֶּערְלִין.

אוֹיף דִיא בִּיטֶע פוּן מִרְיָם'ן, הָאבֶּען זַייא זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען פְרִיהֶער אַרַיין צוּא פָאהרֶען אִין קַארְלסְרוּהֶה צוּא אִיהרֶע לִיבֶּע עֶלְטֶערֶען, דַאמִיט זַייא זָאלֶען זֶעהְן אִיהר לִיבֶּען מַאנְס עֶלְטֶערֶען, אוּנ בַּייא זַייא זָאל נִיט בְּלַייבֶּען, דָאס אִיהר לִיבֶּער גֶערְשׁוֹן אִיז אַיין אוּנגֶעזֶעצְלִיכֶעס קִינְד, אַיין אֲסוּפִי. – אוּנ דֶער הַאס אוּנ דִיא פַיינְדְשַׁאפְט פוּן אִיהרֶע עֶלְטֶערֶען, גֶעגֶען אִיהר אוּנ גֶעגֶען אִיהר לִיבֶּען מַאן גֶערְשׁוֹן זָאל שׁוֹין אוֹיף הֶערֶען.

זַייא זַיינֶען אוֹיף דֶעם וָואקְזַאל אַוֶועק גֶעפָאהרֶען, אוּנ דֶער אַייזֶענְבַּאהן הָאט זַייא אַוֶועק גֶעפִיהרְט אִין זַייעֶרֶע הַיימַאלִיגֶע פָאטֶער-שְׁטָאט.

(פָערְטְזֶעצוּנְג) דִיא

# דִיא פֶערְצְווייפֶעלְטֶע עֶלְטֶערֶען .

אֵיידֶער דֶער בַּאהן קוּמְט אָן אִין קַארְלסְרוּהֶע, לָאמִיר דֶער ציילֶע לִיבֶּע לֶעזֶער פָארְלוֹיפֶען זֶעהְן וואס דָארְטֶען טוּט זִיךְ, לָאמִיר זֶעהֶען וואס מַאכְט דֶער אַלְטֶער פִּינְחָס בְּרַאנְדֶענבּוּרְג מִיט זַיין פְרוֹיא, לָאמִיר דָאךְ הֶערֶען וואס זַייא רֵיידֶען וועגֶען זַייעֶרֶע לִיבֶּע אַיינְצִיגֶע טָאכְטֶער מִרְיָם.

עֶס אִיסְט נָאךְ גַאנְץ פְרִיא, אָבֶּער דָאךְ אִיז שׁוֹין גַאנְץ לִיכְטִיג אִין צִימֶער, דֶען דִיא יוּנִי טֶעג זַיינֶען לַאנְג גֶענוּג, אוּנ אוּם פִּיעֶר אוּהְר דֶעם מָארְגֶענְס הָאט שׁוֹין דִיא גָאלְדֶענֶע זָאנֶע גֶעשִׁיקְט אִיהְרֶע דִימַאנְטֶענֶע שְׁטְרַאהְלֶען דוּרְךְ דִיא פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם הֶערְרְן פִּינְחָס בְּרַאנְדֶענבּוּרְג, עֶר הָאט זִיךְ פוּן זַיין בֶּעט אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען מִיט אַ בִּיטֶערֶען קְרֶעכְץ, אוּנ גְלַייךְ דַארוֹיף הָאט אִים זַיין פְרוֹיא גֶעאַנְטְווָארְט מִיט אַ קְרֶעכְץ, עֶר הָאט זִיךְ אָן גֶעטָאן אוּנ אָבּ גֶעגָאסֶען נֶעגֶעל וַואסֶער, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט זָאגֶען תְּהִלִּים, דִיא פְרוֹיא אִיז אוֹיךְ בַּאלְד אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ כַאמְאוָואר, זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט טְרִינְקֶען טְהֵייא, אוּנ טִיפֶע שְׁווֶערֶע זִיפְצֶען הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶערִיסֶען פוּן בֵּיידֶענְס הֶערְצֶען.

זָאג מִיר פִּינְחָס וואס וועט זַיין? הָאט דִי פְרוֹי אָנְגֶעהוֹיבִּין, וויא לַאנְג וועסְט דוּא הַאלְטֶען דַיין כַּעַס אוֹיף דַיין אֵיינְצִיגֶע קִינְד אוֹיף אוּנְזֶער אוֹיג אִין קָאפּ? דֶערְמָאן זִיךְ זַייעֶר עֶלֶענְד, זַייעֶר נוֹיט, אַז זַייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוֶועגִין צוּא שְׁרַייבֶּען אַיין בְּרִיף

צוא אונז, אונ אונז צוא בּעטען שׁטיצע, נעווים איז בּיטער, איך זאג דיר פּינחס אז דער עווינער וועט פאדערען זייער בּלוט פון דיין האנד, איבּער דיין נארישׁען כּבוד ווילסט דו אומבּריינגען דרייא ריינע אונשולדיגע נפשות. איך זאג דיר אז גרשון האט א איידעלערען געפיהל, א בּעסערען סאוועסט פאר דיר.

האלט בּעסער דיין מויל! האט פּינחס מיט צארען געזאגט, אבּער דאך איז געלעגען אין דעם טאן עטוואס ערגעבּענהייט, — וויא עס ווייזט אויס, האט אים אביסעל בּיין הערצען אנגענומען דיא לאנגע פון זיין ליבּע טאכטער, אונ דאצו האט איהם יעצט זיין פרוי אביסעלע אויף געבּלאזען, אונ זיין פאטער הערץ האט זיך צוא ווארעמט.

מען דארף זייא דאך שיקען עטוואס געלד האט ער געזאגט, וייא האבּען עס אפילו ניט פערדינט, אבּ צוא טאהן אזויא איין אקט, צוא נעהמען אונ אנטלויפען מיט אזויא איין מענטשען וועלכען מען קען זיינע עלטערען גאר ניט, ווער וויים וואס ער איז... דאס פאסט פאר שלעפערס, פאר טויגעניכטסען, אבּער ניט פאר אונזער קינד, א קלייניקייט דיא שאנדע, דיא בּזיונות וואס מיר האבּען פון איהר געליטען.

דאפיר האבּען מיר זייא שוין בּעצאהלט גענוג, האט דיא מוטער מיטליידיג געזאגט, דערמאן זיך נור פּינחס, רוגדע זעכס יאהר זייגען פערלאפען פון דער צייט ווען זייא זיינען פון אונז אנטלאפען געווארען, אונ וויפיל בּריפע האבּען זייא אונז פארט געשריבּען, אונ אויף קיינע האבּען מיר זייא ניט געאנטווארט, אפילו ווען זייא האבּען געשריבּען דאס עס איז בּייא זיי געבּארען געווארען איינע טאכטער, האבּען מיר זייא זאגאר אויך ניט

גֶעאַנטְוואָרט קיין מַזָל טוֹב. - אַךְ! אַיין אַיינִיקֶעל פוּן אוּנְזֶער טְהַייעֶרֶע אַיינְצִיגֶע מַארְיֶעס אַיין קִינְד, אוּנְזֶער אַיין אַיינִיקֶעל, וויא אִיז דָאס מִיר מַיין הֶערְץ אַרוֹיס גֶעריסֶען, וֶוען אִיךְ קֶען מַיין אַיינְצִיגֶען אַיינִיקֶעל נִיט וֶעהֶען, וֶוען אִיךְ קֶען אִיהר נִיט אָן מַיין הֶערְצֶען צוּא דְרִיקֶען, אָבֶער יֶעצְט אוֹיף אַזוֹיא אַיין יֶעמֶערְלִיכֶען בְּרִיף וָואס זַייא הָאבֶען אוּנְז גֶעשְׁרִיבֶען, דָאס זַייא לַיידֶען מִיט זַייעֶר קִינְד הוּנְגֶער אוּנ נוֹיט, טָא וֶוער קָאן דָאס זַיין אַזַא גַזְלָן אוּנ זַייא קיין שְׁטִיצֶע נִיט גֶעבֶען.

דוּא הָאסְט רֶעכְט מַיין וַוייבּ, הָאט פִּינְחָס גֶעזָאגְט, שׁוֹין גֶענוּג צוּ הַאלְטֶען אוֹיף זַייא דִי שִׂנְאָה, אִיךְ פֶערְצַייהֶע זַייא, אוּנ וויא דִיא ווַארְהַייט אִיז, אִיז דָאךְ דֶער גֵרְשׁוֹן טַאקֶע וִוירְקְלִיךְ אַיין זַייעֶר אָרֶענְטְלִיכֶער, בְּרַאוֶוער, אוּנ פַיינֶער מֶענְשׁ, אוּנ דִיא גַאנְצֶע עַקְשָׁנוּת מַיינֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין זַייעֶר גְרוֹיסֶע דוּמְהַייט, אִיךְ הַאבֶּע גֶעקָאנְט פֶערשְׁפָּארֶען דִיא פִילֶע שְׁמֶערְצֶען אוּנ פַּיין וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט, עֶס אִיז אָבֶער פֶערְפַאלֶען. - יֶעצְט אָבֶער מוּז מֶען זֶעהְן וָואס צוּם נִיכְסְטֶען צוּ טָאן וָואס מִיר קֶענֶען נָאךְ גוּט מַאכֶען.

אַיין פְּרֶעכְטִיגֶע קַארֶעטָע הָאט זִיךְ אָבּ גֶעשְׁטֶעלְט גֶעבֶען זַייעֶר טִיהר.

דֶער אַלְטֶער פִּינְחָס מִיט זַיין פְרוֹי זַיינֶען צוּם פֶענְסְטֶער צוּא גֶעלָאפֶען.

וֶוער קֶען דָאס קוּמֶען צוּא אוּנְז? הָאט דִיא אַלְטָע גֶעפְרֶעגְט אִיהר מַאן מִיט פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג.

גֶעווּיס אִיז דָאס אַ טָעוּת! הָאט פִּינְחָס צוּא זַיינֶע פְרוֹיא גֶעזָאגְט.

פון דיא קָארֶעטֶע איז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אַיין וַייעֶר פֶּרעכְטִיג גֶעקְלֵיידֶעטֶער עֶלְטֶערֶער הֶערר, מִיט אֵיינֶע פַיין גֶעקְלֵיידֶעטֶע דַאמֶע, דִיא דַאמֶע וַואר עֶטְוָואס יוּנְגֶער פוּן אִיהם, – נַאכְהֶער וַיינֶען אוֹיךְ פוּן דִיא קָארֶעטֶע אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אַיין יוּנְגֶער הֶערר מִיט אֵיינֶע יוּנְגֶע דַאמֶע, וֶועלְכֶע הָאט אַיין פִינְף יֶעהרִיגֶעס קִינְד פַאר דִיא הַאנְד גֶעפִירְט.

דֶער אַלְטֶער פִּינְחָס אוּנ זַיינֶע פְרוֹיא, זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען מִיט וַייט גֶעעֶפֶענְטֶע אוֹיגֶען, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָן גֶעקוּקְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען.

דִיא טִיהר הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט, אוּנ עֶס אִיז צוּא עֶרְשְׁט אַרַיין גֶעגַאנְגֶען דֶער אַלְטֶער הֶערר אַדָאלְף גְלִיקְמַאן מִיט זַיינֶע פְרוֹיא קְלַארֶען.

הִיר וואוֹינְט דֶער הֶער פִּינְחָס בְּרַאנְדֶענבּוּרְג? הָאט גֶעפְרֶעגְט גְלִיקְמַאן.

יַא מַיין הֶערר! הָאט דֶער אַלְטֶער פִּינְחָס גֶעאַנְטְוָוארְט. – מִיט וָואס קֶען אִיךְ אַייךְ דִינֶען?

אִיךְ בְּרֵיינְגֶע אַייךְ הֶערְצְלִיכֶע גֶערִיסֶע פוּן אַייעֶר טָאכְטֶער מִרְיָם, אוּנ אַייעֶר אֵיידִים גֵרְשׁוֹן, אוּנ אַייעֶר אֵיינִיקְעל.

דִיא טִיר הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט, אוּנ עֶס אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען גֵרְשׁוֹן מִיט מִרְיָם'ן וֶועלְכֶע הָאט גֶעפִיהרְט פַאר'ן הֶענְטֶעלֶע דִיא קְלֵיינֶע קְלוּגֶע בֶּערְטְהַאן.

דִיא גוּטֶע מַארְיֶע וִויא זִיא הָאט נוּר דֶערוֶועהְן אִיהרֶע לִיבֶּע עֶלְטֶערֶען, אִיז זִיא גְלַייךְ אַרוֹיף גֶעפַאלֶען דִיא מוּטֶער אוֹיף'ן הַאלְז: „מוּטֶער"! הָאט זִיא אוֹיסגֶעשְׁרִיעֶן, אוּנ אִיז אִין אוֹנְמַאכְט גֶעפַאלֶען.

עֶס אִיז גֶעוואָרֶען אַ לוּיפֶּערַייא אוּנ אַ גֶעשְׁרַייא „וַואסֶער". מֶען הָאט אִיהר בַּאלְד אָבּגֶעמִינְטֶערְט, אַלֶע זַיינֶען זִיךְ אוֹיף דִיא הֶעלְזֶער גֶעפַאלֶען אוּנ מֶען הָאט נוּר גֶעהֶערְט: לִיבֶּער פָּאטֶער, לִיבֶּע מוּטֶער, לִיבֶּע טָאכְטֶער, לִיבֶּער שְׁווִיגֶער פָּאטֶער, לִיבֶּע שְׁווִיגֶער מוּטֶער, לִיבֶּער מְחוּתָּן, מַיינֶע לִיבֶּע גוּטֶע אֵיינִיקֶעל, מַיינֶע קְלוּגֶע בֶּערְטַא.

צוּא מִיטָאג אִיז דֶער טִישׁ גֶעוועֶזֶען גֶעדֶעקְט גְרוֹיסאַרְטִיג, אוּנ צוּא דִיא אַלֶע שְׁמַאקְהַאפְטֶע שְׁפַּייזֶען, הָאט אַדָאלְף גְלִיקְסַאן עֶרְצֵיילְט דִיא אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע עֶרְצֵיילוּנְג, וְויא עֶר אִיז גֶעוועֶזֶען אַיין בֶּעזְוֶעטְנִיק, אוּנ דָאךְ הָאט עֶר אַיין זָאהְן, אוּנ פוּן וֶועלְכֶען עֶר הָאט נָאר ‑קֵיינֶע אַהְנוּנְג גֶעהַאט, אוּנ נָאךְ דַאצוּ אַזַא לִיבֶּען זֶטֶען אָרֶענְטְלִיכֶען מֶענְשֶׁען.

עֶס אִיז גֶעוועֶזֶען בַּייא אַלֶעמֶען פְרֵיידֶען אִיבֶּער פְרֵיידֶען,
עֶס אִיז פֶערשְׁוואוּנְדֶען אַלֶע שְׁמֶערְצֶען אוּנ לֵיידֶען,
בַּיי דִי עֶלְטֶערְין אוּנ קִינְדֶער אִיז גֶעוָוארֶען פְרִידֶען גִישְׁלָאסִין,
אוּנ נַייעֶס פְרִישֶׁעס לֶעבֶּען אִיז בַּיי זֵיי גֶעוָוארִין אַרַיינְגִינָאסִין

## עֶנְדֶע



